ס. מאַרשאַק



# מיסטער=טוויסטער

ייִדיש: א. כ. זײַטשיק

„קינדער-פרײַנד“, װאַרשע 1936

„קומענדיק אין אַ לאַנד, באַמיט זיך אָפּצוהיטן
זיינע געזעצן און מינהאָגים, קעדיי צו פאַרמיידן
מיספאַרשטייעניש...“
(פון אַן אַלטן וועגווייזער).

1




פאַראַן
אין אויסלאַנד
קוקס
אַ קאַנטאָר
און טאָמער
אַן אומעט
באַפאַלט אייך
ביז גאָר,
און ס'ווילט זיך אייך
מאַכן
אַ רייזע-שפּאַציר
צום אינזל טאַיטי
פּאַריז און פּאַמיר –



וועט קוק
פאַר אייך

אין צייט פון מינוטן
באַשטעלן אין שיף
די בעסטע קאַיוטע.
אָדער ער שיקט אייך
צום פלי-אַעראָפּלאַן,

און ווילט איר – איז קעמלען
אַ פּאָר אין געשפּאַן.



אַ צימער
געגרייט איז
אין בעסטן האָטעל,
אַ וואַננע, אַ פרישטיק
ביים בעט, אויפן שטעל.
בערג און טאָלן



און וואָס אײַך געפעלט,
ווײַזן וועט קוק אײַך
אין יעדן עק וועלט.

2.

מיסטער
טוויסטער,
געוועזענער מיניסטער,
מיסטער
טוויסטער,
גרויסער באַנקיר,
שעף פֿון די גרעסטע
פֿאַבריקן און טרעסטן,
גייט מאַכן מיט מאַזל
אַ רייזע־שפּאַציר.




באַשלאָסן צו מאַכן
דער שטוב אַ סורפּריז:
מאַסקים דאָס ווײַב,
די טאָכטער געוויס.

3

פֿרימאָרגן
מען קלינגט
אין קוקס אַפּאַראַט:



—פיר גרויסע קאַיוטעס
ניו־יאָרק—לענינגראַד.



מיט וואַננעס,
סאַלאָנען,
פֿאָנטאַן
און טעראַסעס,
און ס'זאָלן
נישט זײַן דאָרט
קיין טונקעלע
ראַסעס,
ווי נעגערס,
כינעזער
און ס'גלײַכן
בײַם זײַט,
ווײַל ס'ליבט נישט
דער מיסטער
קיין פֿאַרביקע לײַט.
קוק
קלינגט צוריק:



— פאַראַן!
ס'וועט זײַן געמאַכט,
מײַן ליבער מאַן.

4

פּונקט
פאַרן אָפּגיין
געציילטע מינוטן,
געקומען איז
טוויסטער
צו זײַנע קאַיוטעס.





פון איין זײַט —
אַ דאַמע,
הויך און באַברילט,
פון צווייטן —
אַ מיידל
מיט אַ מאַלפּקע זיך שפּילט.



פאָרויס
פיר גיגאַנטן
זיי גייען
און שפּאַנען,
און טראָגן
אין האַנט אַזש
צו טוץ
טשעמאָדאַנען.

5

שווימט די שיף
די גאַנצע צײַט,
שווימט די שיף
פון אַמעריקע ווײַט.



שווימט זי אַליין נענטער
צו מיזרעך, צום פּאָרט,
רוישן די כוואַליעס
פון הינטערן באָרט.
מיסטער
טוויסטער,
געוועזענער מיניסטער,
מיסטער טוויסטער,
מיט רײַכקייט אָן צאָל,
שעף פון די גרעסטע
פאַבריקן און טרעסטן,
שפּילט אויפן יאַם
אין פּילקע —
פוטבאָל.



נישטאָ אים אין שכיינעס
קיין טונקעלע לײַט —
נעגערס,
כינעזער
און ס'גלײַכן-בײַם זײַט.
נעגערס,
כינעזער
און אַנדערע דאָרט
יאָגן די כוואַליעס
אין אַ צווייטן טראַנספּאָרט.

ס'איז נאָס זיי
די נעגערס,
כינעזער און הייס —
ס'שלאָגט פונעם קעסל
מיט רויך —
און מיט שווייס.



6

מיסטער
טוויסטער,
מיליאָנער,
פאָרט אַלס טוריסט
אין עסעסעסער.
רוישט שוין פון ווײַטן
דער פאָרט,
סע שפּרייט זיך אויס



פון רעכטס די שטאָט.
גרוילעך דאָס וואַסער
קאָלומנעס — ביז הויך,
שוואַרצן פאַבריקן
דעם הימל מיט רויך.
טוויסטער
ציט אָנעט
דעם הוט אויפן קאָפּ,
און לויפט
איבער טרעפּלעך
פון שיף גלײַך אַראָפּ.
וואַרפט זיך
אין אויג אים
אַ טורעם, אַ שפּיץ,
און ס'טראָגט אים
אַן אויטאָ
אַוועק, ווי אַ בליץ.
זיצן די דאַמען
מיט פּעקלעך אַרום,
רוישט דער מאָטאָר
מיט זשום און געברום.
יאָגט איבער גלאַטן
אַספאַלט
די מאַשין
און שטעקט אָן די גאַס
מיט רויך
און בענזין.



7

מיסטער
טוויסטער,
געוועזענער מיניסטער,
מיסטער
טוויסטער,
מיליאָנער,
שעף פון די גרעסטע
פאַבריקן און טרעסטן,
פאַרפאָרן איז גלײַך
צום האָטעל „אַנגלעטער“.
קײַט ער אין מויל
— אַ גאָלד־סיגאַרעטל
און ווענדט זיך
צום שווייצער
אויף ענגליש גערעדט:
— פאַראַנען דאָ
ערטער
פאַר מיר רעזערווירט?
מ׳האָט אײַך דאָ
נעכטן
דערפון דעפּעשירט.
— פאַראַן —
ענטפערט אָפּ
דער שווייצער בײַם טיר —
— פאַראַן נומער דרײַ
און פאַראַן נומער
פיר.

8

שפּיגלען זיך ווענט
אַרום און אַרום,
פירט מען די געסט
אין די צימערן שטום.
דער שווייצער
פאָרויס
אין פראַק
און אין קנעפּ,
נאָך דעם —
דער גאַסט



פֿאַמעלעך זיך שלעפּט,
נאָך דעם —
אַ דאַמע,
הויך און באַברילט,
נאָך דעם —
אַ מיידל
מיט אַ מאַלפּקע זיך שפּילט.
פּלוצלונג
דער פֿרעמדער
צעעפֿנט דאָס מויל,



מיסטעריז
טוויסטערן
וואַרפֿט אַזש
אַ גרויל.
פֿון אויבערשטן
גאָרן
האָט רויִק
געשפּאַנט
אַ ריזיקער נעגער —
אַ שוואַרצער
גיגאַנט.
געגאַנגען
פֿון אויבן
פֿאַמעלעך און ,,פֿויל,
געברענט האָט
אַ פּיפּקע
בײַם שוואַרצן
אין מויל.
שפּיגלען אַלץ אָפּ
די שפּיגלען

אין צווייען —
דוכט זיך אַלץ
שוואַרצע
עס גייען
און גייען.
די זעלביקע צורעס,
מיט פּיפּקעס אין מויל—
געגאַנגען איז יעדער
פֿאַמעלעך און פֿויל.
מיסטער פּאַר קאָס
ער ברענט
און ער בראָט,
קוקט אין די זייטן
און שטעלט נישט
קיין טראָט:
— אויב ס׳זענען דאָ
נעגערס
פֿאַראַנען ביי אייך —
פֿאַרלאָזן דאַן מוז איך
די צימערן גלייך.



און ס׳פֿאַרלאָזן
קעסיידער
די טרעפּ פֿון האָטעל
דער גאַסט
אין פּאַנאַמע,
מיט אימפּעט



און שנעל,
נאָך דעם —
די דאַמע,
הויך און באַברילט.
נאָך דעם —
דאָס מיידל
מיט אַ מאַלפּקע זיך שפּילט.



זעצן זיך אַלע
געשווינד אין מאַשין,
און אײַלן דעם שאָפער:
אַהער און אַהין.



דער שווייצער פאַרנייגט זיך
פאַר זיי מיט פאַסאָן
און לויפט גלײַך צום טרײַבל
פון שטוב־טעלעפאָן:
— צוויי
פערציק צוויי
אַכט און פערציק
„אַסטאָריע״!



קען מען דאָ
בעטן
דעם שווייצער
גריגאָרי? —
הער נאָר, גריגאָרי,
ס'וועלן אָט שוין
קומען צו פאָרן
צו אײַך דרײַ פאַרשוין,
דרײַ נײַע
טוריסטן,
זיי רופן זיך:
ט ו ו י ס ט ע ר.
זײַ וויסן, גריגאָרי —
דאָס איז אַפעריסטן;
זאָג זיי: פאַרנומען
סײַ אויבן, סײַ אונטן.
פאַרשטאַנען, גריגאָרי?
און זײַ מיר געזונט!
— איינס
אַכט און צוואַנציק
צוויי אַכצן
„סיציליע״!
קען מען דאָ
בעטן
דעם שווייצער
וואַסילי?
הער נאָר, וואַסילי,

ס'וועלן אָט שוין,
מיסטאָמע פֿאַרפֿאָרן
צו איַיך דריַי פֿאַרשוין,
דריַי נײַע
טוריסטן,
זיי רופֿן זיך:
ט ו ו י ס ט ע ר,
זײַ וויסן — דאָס זענען
דורכויס
אַפּעריטטן
זאָג זיי: פֿאַרנומען
סײַ אויבן, סײַ אונטן.
פֿאַרשטאַנען, וואַסילי?
און זײַ מיר געזונט!
— פינף
דרײַסיק פינף
פינף און דרײַסיק
„איטאַליע"!
קען מען דאָ בעטן
דעם שווייצער
וויטאַלי?
הער נאָר וויטאַלי,
(און ווידער
צעקײַט ער):
ס'וועלן באַלד קומען...
און אַזוי ווײַטער
און ווײַטער.





אָטעמט די גאַס
מיט שטויב און בענזין,
יאָגט זיך מיט ראַש
אַן אויטאָ-מאַשין.
אָט איז שוין גאָגאָלס
גאַס נומער פיר.



— נישטאָ שוין קיין ערטער! —
מ'ענטפֿערט בײַם טיר.
פֿעסטעל-גאַס נומער
דרײַהונדערט אַכט.
— נישטאָ מער קיין ערטער,
אומזיסט וואָס איר וואַרט.
פֿרײַהייטפּלאַץ נומער
דרײַהונדערט דרײַ
—פֿאַרנומען די ערטער,
קיין איינס איז נישט פֿרײַ.
געפּלאַצט האָט
פֿון פֿאַרנט
א רייף אין מאַשין;

ס׳האָט דער מאָטאָר נישט
שוין באַלד קיין בענזין.

10

מיסטער טוויסטער,
געוועזענער מיניסטער,
מיסטער טוויסטער
מיליאָנער,





שעף פון די גרעסטע
פאַבריקן און טרעסטן,
פאַרפאָרן צוריק איז:
האָטעל „אנגלעטער“.

מיט אים אויך
די דאַמע,
הויך און באַברילט.
נאָכדעם —
דאָס מיידל
מיט אַ מאַלפּקע זיך שפּילט.
זיי קלינגען גלײַך אָן
אין טיר
פון האָטעל,
און ס׳ווערן באַלויכטן
די טרעפּ
אויפן שטעל.
געשלאָגן האָט
דענסטמאָל
פונקט צוועלף
אין דער נאַכט,
שווייצער האָט שלעפעריק
די טיר
אויפגעמאַכט.
— פאַרשפּעטיקט —
עס זאָגט זיי
דער שווייצער
בײַם טיר:
— פאַרנומען
דער דרײַ
און פאַרנומען

דער פיר.
ס'קומט פאָר
אַ צונויפפלי
פון פעלקער,
פאַרכאַפּט מען
די ערטער,
מע זוכט
און מע קריגט נישט.
— איז וואָס זשע, זאָג,
טוט מען?
— כ'בין זייער פאַרמאַטערט
קלאָגט זיך די טאָכטער
פאַר טוויסטער
דעם טאַטן.
— אויב ס'זענען די ערטער
— פאַרנומען דורכויס
טאָ לאָמיר־זשע קויפן
אַן אייגענע הויז!
— קויפן? —
פאַרכאַפּט איר
דער פאָטער
— געשווינד
—ביסט נישט אין טשיקאַגאָ
מײַן טײַער קינד.



די מאַמע

און טאָכטער
זיי שפּרינגען פון הויט.
נאָר ס'האָט זיי באַרויִקט
דער שווייצער א'ן נויט.
ער גיט אָפּ
די דאַמעז
זײַן שווייצער־קאָנורע,
אַן עמעסע קווּרע.



און מיסטער
בלײַבט אויסן
אָט
בײַם שוועל
פון האָטעל,
שרײַט אויסעט:
— !אָ, גאָט
און שלאָפט אײַי
אויפן שטעל.
געפאַלן אַ מידער

פון שרעק און
האַרמידער
בײַם איינזאַמען שוועל
פון האָטעל „אַנגלעטער" —
מיסטער
טוויסטער,
געוועזענער מיניסטער,
מיסטער
טוויסטער,
מיליאָנער.

12

שלאָפט ער —
און שמייכלט
פּאַמעלעך פון שלאָף.
זעט ער אַ כאָלעם
אַ מאָדנעם צום סאָף.

דוכט זיך אים אויס,
ווי אַ שלעפּער



פון גאַס
שלעפּט ער זיך אום
פאַרפאָלגט און פאַרהאַסט.
פּלוצים
פון אויבן
אַ רויש און אַ הוק,
ער טוט זיך
אַ הייב —
עס פליט צו אים
קוק.

טוויסטער
ער וואַרפט זיך
צו קוקן
און רופט,
און שטרעקט שנעל
אַ האַנט אויס
צו אים
אין דער לופט.
און אָט שוין
מיט קוקן
ער זיצט אין מאַשין
און פליט
אין די וואָלקנס
אַהער און אַהין.
און אָט איז זײַן ליבע
און טרײַע אַמעריקע,

און ס'האָט זיך
פון שרעק
שנעל
אויפגעוועקט,
בײַם איינזאַמען שוועל
פון האָטעל „אַנגלעטער"
מיסטער טוויסטער,
געוועזענער מיניסטער,
מיסטער טוויסטער
מיליאָנער.



— זײַן מאַרמאָרנער פּאַלאַץ,
דער טײַך
און דער סקוועריק.
דער אַלטער באַדינער
ער מעלדעט
זײַן הער:
— נישטאָ שוין קיין אָרט
אין אַמעריקע
מער!





די דעמבענע טירן
פאַרמאַכן זיך
שווער —
טוויסטער
כאַפּט אויף זיך:
האָטעל „אַנגלעטער"!...



פרימאָרגן
אַ יאַטל,
ברייטביייניק
און פעסט,
ער שטייט שוין
און רייניקט
די שיך
פון די געסט —
רויטע



און געלע,
פּאַר קליין
און פּאַר גרויס,
פון קראָקע,
מאַראָקע,
פון דײַטש
און פראַנצויז.

אויסגעפּוצט
האָט ער
געשווינד און אויף גיך
פּאַר קאָלערליי
פעלקער
פילפאַרביקע שיך.

גלאַנצן אין שײַן
די לעצטע שוין
פּאָר —
פלוצים ער זעט:
פון האָטעל־קאָרידאָר
שפּאַנט אום
אַ טוריסט
און רייכערט דורכויס —
קומט צו אים
פלוצים
דער שווייצער אַרויס:

פאַראַן, — זאָגט ער —
איצטער,













אָט־דאָ, אויבנאָן,
צוויי צימערס
מיט וואַננע,
פאָנטאַן
און סאַלאָן.
און ווילט איר —
איז ביטע;
זיי זענען נאָך
פרײַ,
כ׳וואָרן אײַך אָבער
גלײַכצײַטיק
דערבײַ:




אַ צימער פון רעכטס
פאַרנעמט אַ קיטײַער,
אַ צימער פון לינקס
פאַרנעמט אַ מאַלאַיער
אַ צימער פון אויבן
פאַרנעמט אַ הינדוס,
אַ צימער פון אונטן




פאַרנעמט אַ זולוס.
אַ צימער אַנטקעגן _
פאַרנעמט אַ קרעאָלקע,
און צוויי בײַ די ברעגן —
מאָנגאָל און מאָנגאָלקע.
און נאָענט,
אין שכײנעס
מיט אײַך דאָ,
צום גאַס,
וועט זײַן אַ בושמען,
טואַרעג,
פאַפואַס!



טאַנצט ווי אַ קינד
דער מיליאָנער,
פאַטשט מיט די הענט,
שפרינגט אַהין און אהער,
און רופט אויס
אין ענגליש
צום שווייצער:
— אָ — קעי!

גיב שוין
פון צימער
די שליסלעז
איינס=צוויי!



און כאַפּנדיק
שנעל
דאָס ווײַב
און דאָס קינד —
טראָגט זיך
געשווינד
אין האָטעל
„אַנגלעטער" —
מיסטער
טוויסטער,
געוועזענער מיניסטער,
מיסטער
טוויסטער,
מיליאָנער.

Opłata pocztowa uiszczona gotówką

פרײַז 30 גראָש! דריטער יאָרגאַנג № 4. 30 LISTOPADA 1936

# „Kinder - Frajnd"

DWUTYGODNIK Wydanie B

Adres redakcji i administracji: Warszawa 1, Miła 33 m. 24

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פאָרשטיי־
ענדיקער

**שאָלעם־אַלייכעם־אויסשטעלונג**

פון די יידיש־וועלטל. שולן אין פוילן

דערשײַנען דעם 15 דעצעמבער ה. י.

אין ביבל. „א" אין ביבל. „ב"

**ספּעציעלע זאַמלונגען**

**פון שאָלעם־אַלייכעמס ווערק**

אין זשורנאַל

וואָס געדרוקט ווערן אַ ש"א־סצענקע

פון אַ. ליטמאַן

„אַ גאַסט איז געקומען"

צוליב ווינטער־וואַקאַציעס דערשײַנען אין דעצעמבער
אײנמאָליק אַלע אויסגאַבעס אלס טאָפּלנומערן.

MISTER TWISTER" S. Marszak Druk. „Renoma". Warszawa